# זאַלבּאַפערט.

משה בּראָדערזאָן.

גרשון בּרוידאָ.

מנשה היילפּערין.

דניאל טשאַרני.

פארלאַג „לעבן".

# זאַלבאַפערט.


משה בראָדערזאָן.

גרשון ברוידאָ.

מנשה הײַלפּערין.

דניאל טשאַרני.





מאָסקווא.

דרוקעריי „עתיד", לאַלין פּער. 19, טעל. 33-60

1918.

משה בראָדערזאָן.

# א האַרבסט.

עס פלעגן האַרבסטן אין דער צײַטיגקײַט זיך באָדן,
איקווײַנען—ווײַנטרויבן זיך טרינקען . . . און באַזויפן,
פלעגט יעדעס וואַלדגעטל אין שרעטל, אָנגעלאָדן
מיט האַרבסט אוצרות, מיט געל נאָלד, שכור לויפן
און זינגען יעדערער זײַן הײליגן געזאַנג !
און אַלץ צונויפגיסן פלעגט אײן—און—אײגציג קלאַנג
פון יום־טוב׳דיגקײַט און פון מזלדיגער זאַטער ערד,
וואָס איז געלעגן אין איר קימפּעטרו פאַרקלערט,
און צוגעהערט זיך צו אַ ווײַטן פלײטנפײַפן,
זיך אַייגעהערט, ווי—פונקט אַ מאַמע, בעת ברית מילה
מיט גליקלאַך שמײכעלאַך אין אויגן שטילע
פון גרויסער מוטערשאַפט, וואָס קאָן די פרײד באַגרייפן...
און נימפן־קאַרעהאָדן פלעגן זיך מיט יובל־קרענץ
אַוועקלאָזן אין גיכע לופטשוועבנדיגע טענץ

מיט קייַכנדיגע פּאַוּונען... לייַכטע פּיס, און פלאַטערדיגע
בערד...

און תאוה=ווייַנען... לאָרבערבלעטער... שאַפונגשפּילן אומ=
געשטערט —

אַ רוּ ם און אוֹיף דער ערד.

און ווען געשטאָרבן איז דער גרוֹיסער פּאַן —
איז דאַן דער ערשטער טרויערהאַרבסט געווען!
אַ ניט באַפרוכפּערטע, אָן אויסגעווייַנטע דאַן געלעגן איז די
ערד פון קערפּערבעגקעגיש פאַרצערט...
און גרוֹיזאַם ווינטן האָבן יום=נוראימדיג געשאלט.
בחפוי ראש געשטאַנען איז יעטווידער וואַלד;
און די געשטאַלט פון האַרבסט פאַרלאָרן האָט איר גאָלד;
און שטום און שטאַר האָט יעדער קוואַל געקוואַלט;
און רעגנס האָבן טרויערשלייַערן געוועבט
דער געטינס וועגן—פאַר דער קרוֹין=אלמנה=ערד,
ווי איינהילן זי, אָפּהיטן געוואָלט,
ווי מינטערן פאַר'חלשט'קייַט געוואָלט
מיט וואַסערן, געשעפּט
פון הימלען צו דער ערד געקערט!
און צווייַגן
אין אַ הייַליג שווייַגן
האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פאַרטרערט
און צוגעשאָקלט: „ס'איז אַזוי באַשערט" ...
און וואַלדגעטלאַך מיט דורכגעגעצטע פּאות'ן און בערד
אַנטלאָפן זייַנען ערגיץ מיט די נימפן הוֹילע, נאַס,
ווי פונם עץ הדעת...
און בלאַס נערוֹיכערט זיך אין וואָלקנס האָט דער הימל,
און יעדער בוֹים און בלימל
האָט שטיל, רחמנותדיג, ' אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ —
געקוקט צו דער'ערד אַראָפּ.
און מיט דעם לעצטן דאַמאָלסטיגן זומער=קרבן

האָט אפשר גאָט אַליין
געמוזט פאַרגיין!
און אַלע געטער, אַלע רוחות, אַלע שדים זיינען אָפּגעשטאָרבן...

אין ערגיץ פאַלט אַ צינדער ניט קיין מן!
— און פאַן?
געשטאָרבן — פאַן!

מעוטף, אַייגעוויקלט אינם אומעס איז די וועלט!
ניט ווייט פון שטאָט —
אין וואַלד, אין פעלד,
און נאהנט צו גאָט
האָט אַ ציגיינערשע משפחה אַ געצעלט
פון גרויע לייוונטן אַוועקגעשטעלט!

אין האַרבסטנקעלט
איז גוט צו זעצן זיך לעם זייער שייטערהויפן
און נאָכשפירן דער פלאַם־ציגיינערן אין הויפן —
די קאָרטן, ווי זי האַלט און לייגט,
און ווי זי וואַרפט...
און ווי עס בלינצלען אירע צייגער געל, פאַרשאַרפט,
און ווי עס גלאַנצן אירע האָר געווייקס;
און ווי, בעת מעשה, ס׳צופט איר ברוסט אַ ברוין, אַ קליין
ציגיינערל און זויגט
דאָס קעפל אויסגעבויגט...
און צוהערן, ווי אינוועניג אין געצעלט דאָרט אימעץ שפילט
אַ לידל עלנד, ווילד...
אַ לידל — אויף אן אוראַלטער, ירושה־זילבער־פליַיט,
און — — ניט באַמערקן, ווי די זון פאַרגייט. —



# כשוף.

געווידמעט דניאל טשארני.

אויף אַ שיידוועג שטייט אַ קרעטשים,
שטייט אַ פוסטע, וויסטע קרעטשים,
וואו באַטאָג איז שטיל און שרעקיג, שרעקעדיג און שטיל.
וואוינט אין קרעטשים קיינער, קיינער!
לאָדנס קריצן, ווי מיט צייגער...
ס'איז די טיר פאַרלייגט מיט שטיינער און מיט ביינער פיל,
וויל, אַ שטייגער, ווער דאָרט קומען
הויבט די שטילקייט אָן צו ברומען...
און אין אָדערן די בלוטן ווערן תיכף קיל.
קרייטעכצער און ווילדע גראָזן
האָבן רונד—אַרום פאַרלאָזן
יענע ווילדע, פוסטע קרעטשים ביז -- — דעם מילנער'ס מיל...
נאָר באַנאַכט ווערט פ ר יי ל אַ ך דאָרטן:
ס'וואַקסט און בליט אַרויס אַ גאָרטן,
פון דער קרעטשים ווערט אַ פּאַלאַץ, און דערין — אַ שפיל.
ליכטיג ווערט אין אַלע שויבן.
ס'קומען מחנות שוואַרצע טויבן.
הויבן אָן די ליבעס פירן—שפּאָגל-ניי געפיל;
ווערן פעדערן געפאַרבטע,
רויט געפאַרבטע און געקאַרבטע...
דאַמאָלסט—קומט אין קרעטשים אַלע, ווער נאָר ליבן וויל!
הערט, ווי ס'שפּילן כלי זמר פריילאַך,
ווי לכבוד אַ בן מלך!
אַ בנעימותדיגער כשוף שכור'ט אינ'ם שפיל.
זיידנס—כל'ערליי קאָלירן
אויף די קערפּערס שימערירן,

טאַנצן דימענטן, בריליאַנטן — ווערט אַ פאַרבן-מיל!
און — — אין האַרבן שפּיל, אינמיטן
אויף דער שמחה קומט צוריטן
אויף אַ ווינט — דעם מילנערס טאָכטער מיט מתּנות פיל;
דעם אַ קוש, אַן אויגן-גלאַנצן,
יענעם — זיך אַליין, אינגאַנצן,
אינם טאַגצן, אין באַקראַנצן מיט די הענטלאַך שטיל!
דעם — געשענקט אַ טיפן בענקען,
אייביג האָבן צו געדענקען,
דעם — אַ זונגוואָרט אויפ׳ן אויער! דעם געצייגט אַ ציל.
און עס לעבן אויף די ווזיינען,
שוימען, אין די כּוסות שיינען,
ווייגען טענהן אין די בלוטן... ס׳ווערט אַ שד-געבריל:
— דו אַזוינע און אַזוינע...
— רחב קומט... די שענע זונה״...
און ס׳באַקומט אַ קול פון דונער יעדע קליינע גריל...
אַלץ אין זילבער איז געשפּונען
פון יהושוע פון בן נונ׳ען —
אין לבנה אַלע גופים.
פּלוצים — — ווייטער שטיל.

ס׳קומט דער טאג פון האַרבסט דער גרויער.
געניצט נאָהנט אַן אַלטער פויער
און אַ טרויער גייט געלאַסן איינגעשרומפּן, קיל.
און געהויקערט און געבויגן
שטייט די קרעטשים איינגעצויגן.

— וואו פאַרפלויגן איז דער כּשוף אפשר צו דער מיל?...



# כלומרשט...

די נאַכט האָט מיט אַ שוואַרצן פּלאַקער אויפגעפלאַמט.
דעם וועג צו זון — פאַרצאַמט.
און ס'איז געקומען אין איר גבול
דער כשוף סודות פול.

די בלינדע זיינען זעהענדיג געוואָרן: פלינק אַרויס
איז פון באַהעלטעניש אַ פלעדערעמויז.
אויף הינערפיסלאך האָט אַ הויז
אַוועקגעלאָזן זיך צום וואַלד.
און אויפגעפראַלט די אויגן האט אַ סאָווע,
און האָט באַקומען אַ געשטאַלט
און פייערבליקן פון אַ נביא,
און האט זיך אין אַ מאָדנעם וויינען הויך צעלאַכט,
ווי שניידנדיג די האַרץ פון נאַכט,
און באַלד —
איז פונם הויז אין וואַלד,
פון געהענדיגן הויז
די מכשפה יונג, שפרונג שפרינגענדיג אַרויס,
און אויף אַ בעזם רייטנדיג אַרופגעצאַפּלט הויך,
אין וואָלקנרויך,
צו וואָלקנס תאוה'דיגע שווערע...
אַ נאַקעט ציה געטון זיך, און ווי פּוטיפר'ע
אַ ריס געטאָן אַ וואָלקן-פּאַלב אַראָפּ:
און די לבנה האָט באַוויזן גלייך איר קאָלן קאָפּ,
פאַרגושט —
מיט דער מכשפה זיך צעקושט...

צעפלאָכטן איר צעפּאָכטן צאָפּ,
געזונגען איר אויף שטערנוואונקען־טראָפּ,
און קוים די זילבערהאָר געצערטלט און געקאַמט...

עס האָט די נאַכט מיט שוואַרצן פלאַקער אופגעפלאַמט!

מאָסקווע,



גרשון ברוידאָ.

# מאַטראָסן ליד.

פאַר תהלים—די שולן,
די שײַנקען—פאַר ווײַן,
מיר זײַנען מאַטראָסן —
פּאַסט שכור אונז זײַן.

די פליגל—דעם אָדלער,
דעם שווימער — אַ שיף —
דער הימל איז אָפן,
דער אָפּגרונד איז טיף.

דערטרונקען דער פירער,
פאַרגעסן דער וועג —
וועם ס'שרעקן די ימים,
דער בלײַבט אויפן ברעג.

צעבראָכן דער רודער,
דער זעגל פאַרפוילט —
אונז טראָגן די כוואַליעס,
דער שטורם, וואָס הוילט.

מיר זוכן קיין פּתרון
צום ערדישן טרוים —
עס היט אונזער חלום
און פּתרון דער תּהום.

מיר זוכן קײַן תכלית,
צערונען דאָס ציל —
אַ שפּילכל מוז װערן,
װער שפּילן זיך װיל . . .

דעם שײַנקער — די רענדלעך,
דעם טרינקער — דער װײַן —
מיר זײַנען מאַטראָסן —
פּאסט שכּור אונז זײַן.



# אין שפּאַציר גאָרטן.

פול מיט מײַדלעך אַלע װעגן,
אַלע בײַסן—פול מיט בלומען.
כ'בין אין גאָרטן צו די מײַדלעך,
און די בלימלעך הײַנט געקומען.

װאָלט דער גאָרטן רויט ניט בליהען —
װאו װאָלט איך די בלומען קלײַבן ?
װאָלטן מײַדלעך הײס ניט ציהען —
תמיד עלענד װאָלט איך בלײַבן . . .

* *
*

איז ריכטיג דײַן זײגער
געשטימט און געהיט
װען דײַנער נעמט קלינגען —
קלינגט מײַנער באַלד מיט.

איז ריין דיין נשמה,
פון ספקות ניט טריב,
ווערסטו מיך נאָר ליבן —
באַקום איך דיך ליב.

* *
*

פאַרוואָלקנט דער הימל און פינסטער די נאַכט,
איך שטיי מיט אַ ליכטל אין חשך און טראַכט:
איך וואָלט עס געצונדן—דער אומעט איז גרויס,
דאָך צינד איך—ברענט תּיכּף מיין ליכטעלע אויס.

עס דריקט מיך אַ צווייפל, עס קלעמט מיך אַ פּיין:
איך ווייס ניט וואָס כ'טוה מיט דער ליבע, מיט מיין —
כ'וואָלט זאָגן מיין ליבסטער: „איך ליב דיך, אַ שרעק!"
נאר זאָג איך—פליט תּיכּף מיין ליבע אַוועק.



# עס ליבט מיך אַ מיידל.

עס ליבט מיך אַ מיידל אין ליבע געניט
און טענ'ט: „דיין קושן באַפרידיגט מיך ניט.

„דער שטאָלץ פון דעם יעגער איז טרעפן אין ציל,
דאָס גליק פון דער ליבע—דאָס חתונה-שפּילן!"

דאָך קוש איך דאָס מיידל און פיר עס אין וואַלד
אַ נעץ גוט באַהאַלטן געפינען מיר באַלד.

די קערנער ביים נעץ דאָרט געשאָטן ווער ס'האָט —
דאָס ווייסן די פויגל און זינגען מיט שפּאָט:

„מיר פּיקן די קערנער, די קערענדלעך זיס,
מיר פּיקן און היטן פון נעץ דאָך די פיס!"



# זאָל זיין אַז אין חלום.

זאל זייַן, אַז אין חלום —
געשען איז עס פּאָרט!
איך לויף דורך די גאַסן
און זוך עפּעס דאָרט,

כ׳באַגעגן אַ מיידל,
זי גייט צו מיר צו
און זאָגט מיר: „מייַן ברודער,
כ׳בין עלענד, ווי דו . . .

ס׳איז שטיל אין מייַן צימער,
דאָרט וואוין איך אַליין:
מייַן ליבער, ווילסט אפשר
אַהין מיט מיר גייַן!

און פרייַער געאָטעמט
די ברוסט האָט אין מיר,
איך נעם זי אין אָרם
און לאָז מיך מיט איר.

און שען איז דאָס מיידל,
ווי שטראַלן איר בליק
און פול ווערט איר שמייכל
מיט לעבן און גליק . . .

מיר גייען צוזאַמען
און רעדן קייַן וואָרט . . .
זאל זייַן, אַז אין חלום
געלעבט האָב איך פּאָרט!

* * *

דער אָוועגט בלענדעט אונז, ווי קראָטן,
מיר מערקן ניט דעם שטערן-פאַל,
דער זומער טרײַבט אונז מיד אין שאָטן,
מיר ווײַסן ניט, ווען ס׳לעשט אַ שטראַל.

גאָר ס׳ציילט דער הימל וויפל שטערן
געצונדן האט פאַר אונז די נאַכט,
און ס׳ווײַס דער מזרח וויפל שטראַלן
עס האָט דער אויפגאַנג אונז געבראַכט.



מנשה הײַלפּערין.

# קלויסטער־גלעקער.

קלינגען, שווינגען
גלעקער צאַרטע
שווינגען, קלינגען
גלעקער האַרטע
דין — דין — באַם
דין — דין — באַם
שווינגען פּערציק — פּערציקער,
קלינגען הערץ און הערציקער
ווילן זײַן געווערציקער
פאַר דעם בלום
ווילן זײַן. געווערציקער,
קלינגען דאָך אַלץ שמערציקער
צאָרן — וואָרן ברום
בים און באַם
נאָטר — דאַם
אונזער קלויסטער,
גאָטס הויז הײַסט ער
ברומט די גאמען
באָם צום צלם
בומט דעם המון
כ'הייל אים, כ'הײַל איִם

אינ'ם נאָמען פּ'נ'ם טאַטן,
פ'נם טאַטן זינד=פאַרטשאַדטן
צו דער מאַמען --
באַם!
פון דער מאַמען
נסים שטאַמען
ו'אונדער — גאַמען
גאַם!
קלינגל קלענגל
גלאָקן — שטענגל
גלין — גאַלון
מעש געזענגל
ווערט דערפון --
טאַטל —זון, טאַטל — זון
נאָטר — דאַם.



# דאָס לעבן רופט...

דו זאָגסט מיר: — : דער זיידע שלאָפט . . .
דו זאגסט מיר: — ניט! דען גאט באַשטראָפט . . .
אַך, זעה דעם שטראַל און שמעק די לופט —
דאָס לעבן רופט!

אַ ווער דערמאָנט אַ קונדס=שווים,
דעם פוינעלס זינגען — מייַן ליבסטערס שטים,
און זונענשטראַל — וואָס גליט . . .
דאָס לעבן ציט!

וואָס שטײַסטו דאָרט און קוקסט מיט פּײַן ?
עס וועט דײַן קינד דאָך גאָר ניט זײַן :
דאס שפּיל איז שען, דאָס וואָרט איז נעט —
דאָס לעבן רעדט !

צי הערסטו ניט זײַן ליבן דרוש ?
אַ וואָרט — אַ גלעט, אַ וואָרט — אַ קוש
און רײַץ און לוסט אין האַרץ פאַרדרינגט —
דאָס לעבן צווינגט !

איך ווײַס — געוויס, דער זײַדע שלאָפט;
איך הער — דו זאָגסט, אַז גאָט בעשטראָפט ;
דאָך מיר פאַרגײַט דער רויזענדופט —
דאָס לעבן רופט . . .



## זומער פאַרנאַכט.

אידיליע.

רוהיג בין איך.
וו'אַ זאטע בהמה,
וואָס ליגט זיך בעל־בתּיש
און טראַכט ניט פון גאָרניט.

און פילן זיך פיל איך,
ווי גאָרניט באַדאַרף איך
און וועלטן פאַרמאָג איך.

און ס'מוז אין מיר קײנער קיין קנאָה ניט האָבן, —
וואָס מיך אַזוי לאָבט קאָן אַ יעדערען לאָבן.
נאָר ליג אויפ'ן גראָז נעבן מיר —
און שמחה'דיג שפּיר.

דער טאָג לאָזט זיך אויס...
די מאַמע=ערד קוּיכעט מיך ליב אויף איר שויס.
אַנ׳ערטל איז האַרט.
אַנ׳ערטל איז צאַרט.
און איך ליג זיך מיד.
אַ שטייגער, וו׳אַ שיקסע נאָך זאַנג=רייַכן שניט:
אי פירות׳דיג זאַט,
אי תאוה׳דיג מאַט...

אַ פלאַטערל קרייַזלט אַרום
אויף צו כלומרשט׳ן — זום און זום=זום...
און מייַנט גאָר אַ שפּיצל:
אַ קיצל —
און פונקט אינ׳ם אויער...
דער זשוק מאַכט עס שלויער:
פאַרקריכט מיר אין נאַקן —
און אָט איז ער דאָ...
אָט וועל איך אים פּאַקען...
און ס׳איז ער ניטאָ.

און אייַנער פון די זונען=פּרינצן —
אַ לעצטער שטראַל, וואס וויל נאָך בלינצן
און... ס׳פעלען קרעפטן —
ער אויך פאַרפירט געשעפטן...
פאַרבלאָנזעט וואו אין געבוש
און זוכט ווען טון אַ קוש.

עס לויפט אָן אַ קעלבל — און שיער ניט אויף מיר.
און שטעלט זיך
און מעלדט זיך
מערוקענדיג שולדיג.
איך ליג מיר געדולדיג.

עס טוט זיך קיין ריר.
מיר קוקען זיך ביידע
אַ ליבע מינוט,
און שטום גייט אַ ריידע:
אַי, ברודערקע, גוט!
אָט אונז איז דאָך גוט...

דאָס קעלבל ווערט פריילייך
און ווייזט, וואס עס קען:
אַ בריקער — אַ ברען,
די פיסלאַך קוים צייל איך.

און ס'הינטל באַרבאָסקע, דער קונדס=באַגלייטער, —
וואו ס'יאָגט זיך אַ קעלבל מוז ער זיין דער צווייטער.

דערזעט עס אַ לאָשיק
און כאַפּט אַזש אַ ציטער —
און באַלד אין מהומה
לויפט ער שוין דער דריטער.

דער הו=האַ ווערט גרעסער —
און ס'יונגענקע ציגל
מיט לעמער און פויגעל,
און חיה'לעך, מיקלאַך
באַווייזען אַנטיקלאַך,
און ווער עס קען בעסער
דער מער אַלץ איז גליקליך.

איך האַלט שוין ניט אויס!..
עס טוט מיך פון ערד=מאַמעס שויס
כף=הקלע'דיג שאַרף
אַזאַ הויב, אַזאַ וואַרף
אַז איך קום פונ'ם זין.

אַ משוגענער שוואונג! —
און אַלץ ווייַטער און ווייַטער
געשטיפּטער, פאַרשייַטער,
אַז עס פּלאַצט שיער די לונג
און איך ווייַז, ווער איך בין.



# נאכט.

## אין שטעטעל. (אַ פראַגמענט.)

ס'איז נאַכט.
וואַלד און פעלד אין שוואַרצן אייַנגעהילט
און שוואַרץ באַדאַכט
פאַרזינקען אין דער רו, וואָס שפּילט
שטום=רעדעוודיג איר ליד באַזאַכט.
פאַרזונקען איז דאס שטעטל אויך.
צונויפגעחבר'ט, שכנות=ליבליך,
לאזן מויערן און שטיבלאַך
זיך ניט צייַלן,
און בלויז אַ דורכגעפלאַמטער רויך
גיט אַכטונג, קייַנער זאל ניט פעלן...
ס'איז פינסטער. און אין גאַס איז שטיל.
און ס'הערט זיך בלויז דער נחת=הויך פון רו —
צומאָל אַ וואַרימער, צומאָל, ווי קעלער, קיל.
אַ פענסטער=אויגל טוט אַ בלינצל וואו ניט וואו.
שטרייַנגט אָן די ראיה. זעט דאך גאָרניט.
כאַפּט צוריק זיך, גלייַך מע טאָר ניט:
מ'חושכ'ת סודות... מאַכט זיך צו.

און אַזוי אויך שטײט ניט גערן
דער לאַמטערן
מיט׳ן קלײנעם פאַרויכטען לעמפּל,
וואו דאס פלעמל טענצלט פּיבריג —
ווײַל עס ווײס, אַז איצטער איבריג
איז זײַן שײַן אין שוואַרצן טעמפּל

לאָדנס, לעדלאַך — צוגעהוקטע;
טיר און טויערן — אויף די שלעסער;
לאַנג סאַרשוויגן שוין די פּלוגתא
װעמענס הײנגעניש ס׳איז בעסער.
צוגעמאַכט אַלץ, צוגעפלאַכט —
און אין נאַכט, ווי ניט־געמאַכט. . .

און אין ד׳הײַזער
טרײַבט פּאַר זיך דער זײגער־ווײַזער
שטילע רגע׳ס צו דער שטונד;
איז מודיע בלויז צום סוף:
כּך־וכך. . . נאר דו, דו שלאָף —
דו שלאָף געזונד.

1918



## דניאל טשאַרני.

### ל ײַ כ ט ע פ ע ר ז ן.

### אַ ר ײַ נ פ אָ ר.

דאס, וואָס קלעמט בײַ מיר אין האַרצן
וועל איך קײנעם זאָגן —
שטילן, טיפן טרויער
דאַרף מען פאַר זיך טראָגן.

דאָס, וואָס בליט בײַ מיר אין האַרצן
קאָנען אַלע וויסן —
טראָג איך גליק און ליבע —
זאָל די וועלט געניסן.

דניאל טשאַרני.

# לײַכטע פּערזן.

## I. מגן דוד׳ס.

כ׳קוש דיר אויס אַ מגן דוד —
דו זאָלסט מיר געהײַליגט װערן —
דײַנע אויגלאַך און דעם מײַלכל,
בײַדע בעקלאַך און דעם שטערן.

דו נעמסט אָן דאָס שפּיל פון אַמור,
װי אַ געטליכע רפואה,
בעטסט, װאָס מערער מגן דוד׳ס,
װי עס פּאַסט זיך פאַר אַ צנועה . . .

און איך לאָז זיך לאַנג נישט בעטן,
כ׳מגן דוד דיר גאַנץ גערן
דײַנע אויגלאַך און דעם מײַלכל,
בײַדע בעקלאַך און דעם שטערן.

## II. אין דערמיט.

אײנע איז בלאָנד און די אַנדערע שװאַרץ —
לוסטיגע שװעסטערלאַך צװײ.
נ׳איך האָב איונגעס אַ ליבענדעס האַרץ —
ציט מיך צו זײ.

אַ סאָפּקע אַ ווײַכע, אַ צימער אַ קלײנס,
איך זעץ מיך אַוועק און דערמיט —
דער שפּיגל אַנטקעגן — ער שמײכלט פאַר אײנט:
— איר זײַט זאַלבעדריט...

נאָר גוט איז צו זײַן זאַלבעדריט, ווי בײַנאַנד
און ליבן אַזוי אומגעשטערט
און צערטלען אין דונקל אַ וואַרימע האַנט,
נישט ווײסנדיג, וועם זי געהערט.

און נאָכדעם—„אדיעו!״ און זײ בלײַבן אַלײן
און זײ קוקן זיך אָן, ווי פאַרשעמט
און יעדערע טראַכט: אַך, ווער איז דען זײַן מײַן,
און עס ציט, און עס קלעמט.

נאָר כ׳ווייס נישט אַלײן ווער פון זײ ציט מײַן האַרץ
און באַשטראַלט מײן געמיט —
יע, אײנע איז בלאָנד און די אַנדערע—שוואַרץ
און איך—און דער מיט!

## III. בריוולאַך.

דער בריוטרעגער האָט מיר הרײַ בריוולאַך געבראַכט
פון דרײַ גאַנץ פאַרשײדענע קאַנטן,
דאָס האַבן דרײַ מײדלאַך אײנצײַטיג פאַרטראַכט
דרײַ בריוולאַך צו זײער באַקאַנטן.

און יעדערע שרײַבט, אַז זי בענקט שטאַרק נאָך מיר,
אַז לאַנגווײַליג איז איר דאָס לעבן —
איך זאָל ווידער קומען אין שטעטל צו איר
און נעמען איר ליבע און געבן...

און יעדע איז זיכער, אַז זי נאָר אַליין
באַגרייפט מיין ציגיינערשן וועזן,
נאָר זי קען מיין וואַנדלען און שטרעבן פאַרשטיין
און מאַכן מיין האַרצוויי גענעזן.

און כ'האָב גלייך די מיידלאַך דריי ענטפערס געשיקט
אין דריי גאַנץ פאַרשיידענע ערטער,
אַז ס'האָט נישט קיין איינע פון זיי מיך באַגליקט,
אַז כ'בענק שוין אַצינד נאָך אַ פערטער...

## IV. אַ קאַראַהאָד.

אַ קאַראַהאָד, אַ קאַראַהאָד
און איך וועל זיין אין מיטן.
מיידלאַך וועלן דרעהען זיך —
און איך—וועל זיין אין מיטן.

אַ קאַראַהאָד, אַ קאַראַהאד
און אויגלאַך וועלן בליצן,
פאָכן וועלן ברוסט טיכלאַך
געפלאַטערטע מיט שפיצן.

פאָכן וועלן הערצעלאַך
און גליהען, ווי די קיילן,
שוימען וועלן ליפעלאַך
און בעטן וואָס דערצעלן:

אַ מעשה'לע, אַ לידעלע,
אַ רמז אין דער מיטן!
מוידלאַך וועלן דרעהען זיך
און איך וועל זיין אין מיטן!

## V. שפּעטער

עס וויקלען זיך פון האַרצן
לידער פונקט, ווי בלעטער
פון אויסגעפּיקטע קנאָספּן׳—
די פרוכטן קומען שפּעטער.

זינג איך מיר אין פרילינג
לידעלאַך פון וועטער,
פון בלומען און פון מײַדלאַך —
די ליבע קומט שוין שפּעטער.

הויב איך אָן צו גלויבן,
אַז כ׳וועל שוין באַלד מיט געטער
פון אָלימפּ זיך שפּילן —
די אויביגקײַט קומט שפּעטער.

## VI עפּעס מערער.

די ביסט מיר נאָר אַ חבר׳טע
און איך בין דײַן פאַרערער,
נאָר אָפּט גאַנץ אָפּט פאַרווילט זיך מיר
דיר זײַן נאָך עפּעס מערער.

יע, אָפּט אין צײַט פון שטימונגען,
ווען ס׳האַרץ ווערט שווער און שווערער
פאַרשווײַג איך דיר מײַן קלעמעניש
און עפּעס וואס נאָך מערער.

און קוקנדיג צום הימל גאָר
גלײַך ווי אַ שטערנזעהער,
קוש איך דיר דאָס הענטל דײַנס
און וויל נאָך עפּעס מערער.

## VII. ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ דיכטער.

איך דערקלער זיך דיר אין ליבע
אויף פאַרשיידענע מאַניערן,
ווייל דערקלערונגען אין ליבע
האָסטו, ווייס איך, ליב צו הערן.

נאָר נישט אַלע קאָנען, לײַדער,
אין זכרון דיר פאַרבלייבן —
נוץ איך אויס נאָך טינט און פעדער
דיר מיין ליבע צו באַשרייבן.

און אַזוי בין איך אַ דיכטער
אומגעריכטערהייד געוואָרן,
נאָר איך ציטער, אַז אין דיכטן
קען די ליבע געהן פאַרלאָרן:

שטאָט דיין האַרץ זיך איך דעם טינטער,
ניצ'ן טינט מאַכט זעהר ניכטער
און אַזוי האָט מיך דיין ליבע
גאָר פאַרוואַנדלט אין אַ דיבטער!

## VIII אַ אידישע טאָכטער.

ביזט שוואַרץ פונקט, ווי אַ נעגערין
און שלאַנק, ווי אַ פראַנצויזין,
און ווי ביי אַ בערלינערין
איז צאַרט דיין לייב, ווי רויזן.

און גלייך ווי אַ ציגאַנערין
פאַרמאָגסטו הייסע בלוטן,
נאָר מיידסט אויס, ווי אַ אידישע,
די זודיגסטע מינוטן.

און כ׳פיל פון הייַסער לייַדענשאַפט
פאַרגייַט דיר יעדער אבר,
נאָר ס׳אידישע, דאס, ניכטערע,
איז תּמיד בייַ דיר גובר

## IX. אַ שפּיל אין וואַלד.

ייז אַ חתן, איך — אַ כּלה
און די בוימער — מחותּנים,
און פון בלעטער וועל איך מאַכן
זיך אַ דעק טוך אויפ׳ן פּנים.

דו פלעכט אויס פון גראָז אַרינגל,
בייַ אַ בוים וועסטו זיך שטעלן,
זיבן מאָל וועל איך זיך דרעהען
פויגלאַך, כּליזמער וועלן טרעלן.

— „הרי אַתּ" — וועססו מיר זאָגן —
איך וועל שטעהן און וועל מיך שעמען,
נאָכדעם וועסטו מיך אַ קוש טאָן
אין די ליפּן און מיך נעמען. . .

זע, מייַן ליבסטער, נאַמיר שפּילן,
ס׳וועט אין שטעטל קייַנער וויסן
און אין וואַלד איז דאָך א חיות
פון דער ליבע צו געניסן.

כ׳רייַס שוין בלעטער, כ׳מאַך אַ דעקטוך,
דו פליק גראָז און פלעכט אַ רינגל !

. . . . . . . . . . . . . . .

וואָס? האָסט מורא זיך צו שפּילן ?
אַך, דו נאַריש — נאַריש אינגל !

## X. פּאַלקס מאָטיוו.

ווען איך וואָלט געווען אַ שניידער, —
וואָלט איך טאָג און נאַכט געזעסן
און געגרייט פאַר דיר אַ קלוידונג,
ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּרינצעסן.

ווען איך וואָלט געווען אַ גאָלדשמיד —
וואָלט איך אַ טבעת קדושן
אויסגעשמידט פון ריינעם גינגאָלד
און באַדעקט מיט מיינע קושן.

בין איך אָבער נאָר אַ דיכטער
און קען שרייבן שטילע לידער —
וועל איך, קינד מיינס, דיך באַזינגען
און שטיל קושן דיינע גלידער.

## XI ***

אויב די ליבסט אין מיר דעם דיכטער,
וועל איך אויפהערן צו דיכטן
און וועל אַלע מיינע לידער
מיט'ן פייער גלייך פאַרניכטן.

קען מען, קינד מיינס, בלייבן ריטמיש,
ווען מען קושט פאַרטרוימטע גלידער —
ליבסטו אָבער נאָר דעם דיכטער —
גיי אין לייען מיינע לידער!

## XII. בלומען און ליבע.

האָב פאַרגעסן די נארציסן
מיט פריש וואַסער צו באַגיסן —
האָבן זיי דעם שטאָלץ פאַרלאָרן
און גאַנץ שטיל פאַרוועלקט געוואָרן.

און האָב אויך פערגעסן, כ'לעבן,
שרײַבן בריף מײַן כלה — לעבן —
האָט זי מיר געשיקט צוויי קווײַטן
און פאַרליבט זיך אין אַ צווײַטן.

## XIII אַ קורצער ענטפער.

האָסט לאַנגע לאַנגע יאָרן
מיר לאַנגע בריף געשריבן,
נאָר ס'איז מיר לאַנג געוואָרן
דיך לאַנגווײַליג צו ליבן.

ווײַל ס'ווערט דער גרעסטער טעות
דורך בריף קײַנמאָל נישט קלערער,
אַשאָד די פּאָסט — הוצאות
און עפּעס וואס נאָך מערער.

## XIV. מײַן קרעדאָ.

איך לעב כדי צו ליבן
און ליב כדי צו דיכטן
און כ'האָב זיך שוין באַשריבן
און צענדליגער געשיכטן.

איך לעב אַזוי און פּלאַטר,
נאָר ס'האַרץ ווערט שווער און שווערער,
אַך, וויפיל טינט איך פטר
און פרויען בלוס נאָך מערער.

## XV. שפּיצן.

עס איז פול מיט שפּיצן
דײַן גאַנצער טואַליעט:
די בלוזן און די העמדער,
דער פאָרהאַנג אויפ'ן בעט.

און פול איז אויך דײַן וועזן
מיט שפּיצן כּלערלײַ —
זײַ פלאַטערן כּסדר
און כ׳פלאַטער מיט מיט זײַ.

## XVI. מײַנע לידער.

וויפיל מאָל איך האב געפּרובט שוין
מאַכן ערנסטער מײַן פּען.
שרײַבן, אָדעס און טראַגעדיעס,
ווי אַ גוטער דיכטער קען.

אַז עס זאָל אַ יעדע שורה
זײַן געוועבט פון צער און פּײַן
מיט מײַן פאָלק זאָל אויך מײַן מוזע
נע ונד אין גלות זײַן,

נאָר מײַן מוזע טוט און סודעט
מיר פון ליבע=גליק און פרײַד,
וועל איך זינגען שוין פון ליבע
ביז עס קומט דער קאַלטער טויט.

